פערלאַג „דער אַוואַנגאַרד".

מ. אלעקסאנדראוויטש.

# דאס ציעל פון דער רוסישער רעוואלוציע




פרייז 6 קאפּ.

№ 1.

פערלאַג „דער אַוואַנגאַרד“.

מ. אלעקסאנדראוויטש.

# דאס ציעל פון דער רוסישער רעוואלוציע



С.-ПЕТЕРБУРГЪ.
Типо-Литографія І. Лурье и К°, Гороховая, 48.
1906.

# דאָס ציעל פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

יעדע גרויסע רעוואָלוציע פון אונזער צייט אין וועלכע לאַנד זי זאָל ניט פאָרקומען — סיי אין אַ אָבגעשטאַנענע און סיי אין אַ פאָרטשריטענדע — מוז זיין נאָר אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע מוז פרובירען שאַפען אַ נייע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, אַנשטאָדט דער אַלטער, קאַפּיטאַליסטישער.

דאָס איז צוליעב דעם ווייל די אידעע פון אַ איצטיגע רעוואָלוציע מוז זיין אַ סאָציאַליסטישע; קיין אַנדער אידעע קען ניט זיין ביי אַ היינטיגע רעוואָלוציע, און ווען די רעוואָלוציע וועט די אידעע אָבוואַרפען. וועט זי מיט דעם זיך אַליין אָבשלאַפען און וועט אין קיין פאַל ניט דערגרייכען קיין שום וויכטיגע רעזולטאַטען. אזאַ פערקירצטע רעוואָלוציע קען אויפ'ן בעסטען אופן ברינגען צו ניט וויכטיגערע רעזולטאַטען, אַלס די, מיט וועלכע צ. ב. ש. האָט זיך געענדיגט די פרייסישע רעוואָלוציע אין 1848—49 יאָהרען; אזאַ רעוואָלוציע קען אַפילו זיך ענדיגען מיט דעם, וואָס דער פריהערדיגער רעזשים קען קומען צוריק, ווי צ. ב. ש. עס איז פאָרגעקומען אין עסטרייך אין 1848—50 יאָהרען.

איך וועל דאָ ברייננגען די ווערטער פון לאַססאַל, מיט וועלכע ער האָט זיך געווענדעט צו די דייטשע „קאָדעטען", צו דער דייטשער ליבעראַלער בורזשואַזיע.

„ווי וואונדערט זי זיך (די ליבעראַלע בורזשואַזיע), וואָס די מאָנאַרכיע און די אַלטע אַריסטאָקראַטיע, וועלכע איז איינגעיאָהנט הערשען, ווי וואונדערט זי זיך, די בורזשואַזיע, וואָס זיי אַלע ווילען זיך ניט קניען צו איהר!".

„און ווענדענדיג זיך צום אנדער'ן צד, ווי וואונדערט זי זיך, וואס צוליעב איהר עפענט זיך ניט דער תהום און שלינגט ניט איין איהרע געגנער! מיט וואס פאר א פערשעמטקייט קוקט זי אויף די פראנצויזישע נאציאנאלע פערזאמלונגען פון פאריגען יאהר־הונדערט און קען ניט פארשטעהן, פאר וואס אלץ וואס איז געווען מעגליך פאר יענע פערזאמלונגען, איז אונמעגליך פאר די?

„נאר פערשטעהט־ושע, מיינע הערען! די פראנצויזישע נאציאנאלע פערזאמלונגען פון סוף פאריגען יאהר־הונדערט האבען אין זיך פעראייניגט די גאנצע גאונות און שכל פון פראנקרייך; אין גאנץ פראנקרייך איז דאן ניט געווען קיין איין־אייציגער געדאנק, וועלכער זאל פערגעהן ווייטער פון די צילען, וואס אלע פערזאמלונגען האבען זיך געשטעלט! אין גאנץ ליטעראטור און אין דער גאנצער פילאזאפיע פון יענער צייט וועט איהר ניט געפינען אפילו איין געדאנק, וועלכער זאל ניט קענען הויבען דעם דופק פון די פערזאמלונגען, און וועלכען די לעצטע זאלען ניט פרובען פערווירקליכען!

„זיי זיינען געשטאנען, אלזא, אויפ'ן שפיץ פון דער טהעארעטישער ענטוויקלונג פון זייער צייט, אויפ'ן העכסטען פונקט פון קולטור. אויף אזא אופן זיינען זיי געווארען א לעבעדיגע גייסט־געשטאלט פון זייער צייט אין לאנד. און פון דאנען שטאמט די גרויסע מאכט, וועלכע זיי האבען פערמעגט, און דער ענטוזיאזם, מיט וועלכען זיי האבען ערפילט דאס גאנצע לאנד".

יעדע גרויסע רעוואלוציע פרובט פערווירקליכען אלץ, וואס דער מענשען־געדאנק האט אויסגעארבייט ביז דעם מאמענט פון איהר ארויסטרעטען. אזוי האט זיך פאסירט ביי דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע, ווען דער געדאנק האט געארבייט אין פאליטישען פאך; אזוי איז געווען אין דער גרויסער ענגלישער רעוואלוציע פון XVII יאהר־הונדערט, ווען דער געדאנק האט געארבייט נאר אין רעליגיאזע און פאליטישע פאכען, אזוי איז אויך פארגעקומען אין די צייטען פון דער דייטשער רעפארמאציע, ווען דער געדאנק האט געארבייט נאר אין רעלי־

גוֹאָנס-פּאַך און האָט נאָך ניט אַרויסגעשטעלט שאַרף-בּעשטימטע פּאָליטישע און סאָציאַלע אידעאַלען. קיינע פון די רעוואָלוציעס האָט ניט איבערגע'חזר'ט אַלטע מעשיות, יעדע איינציגע איז געשטאַנען אויפ'ן „טהעאָרעטישען שפּיץ פון איהר צייט", און יעדע איינציגע האָט געפּרובט פערענטפערען די פראַגען, וועלכע זיינען אויסגעאַרבּייט און אַרויסגעשטעלט געוואָרען דורך דער גאַנצער עבר'דיגער ענטוויקלונג.

די פראַגע, וועלכע איז אויסגעאַרבּייט און אַרויסגעשטעלט געוואָרען בּיי אונזער צייט — איז די סאָציאַלע פראַגע. טהעאָ-רעטיש איז זי שוין פערענטפערט, די יסודות פון דער נייער גע-זעלשאַפט זיינען קלאָר, דעם פּלאַן פון איהר אָרגאַניזאַציע איז אין הויפּט-שטריכען אויך אָנגעצייכענט דורך הונדערט-יאָהריגע מחשבות פון דער קולטורעלער מענשהייט. אין די חבורים פון די סאָציאַליסטען-אוטאָפּיסטען פון דער ערשטער העלפט פון פאָריגען יאָהר-הונדערט איז נאָר אָנגעוויזען געוואָרען דער עצם פון דער נייער קומענדיגער געזעלשאַפט, נאָר ס'זיינען נאָך ניט אויסגעאַרבּייט געוואָרען די רעאַלע פאָרמען, אין וועלכע דער עצם דאַרף בּעקליידעט ווערען. נאָר אין די חבורים פון מאַרקס, לאַססאַל און זייערע אָנהענגער איז שוין אַפילו די לעצטע פראַגע אויסגעאַרבּייט געוואָרען אויף אַזוי פיעל, אַז איצט שטעהט שוין ניט פאַר אונז די נייע געזעלשאַפט ווי אַ חלום, אַ מיראַזש, וועלכער האָט שטענדיג געצויגען צו זיך דאָס גאַנצע מענשהייט. זי האָט שוין גאַנץ רעאַלע פאָרמען, עס איז שוין ניט אַ פאַנטאַזיע פון אַ פּאָעט, נאָר אַ צייטיגער פרוכט פון די קריטישע מענשליכע געדאַנקען.

דער XIX יאָהר-הונדערט האָט בּעאַרבּייט און פערענטפערט די סאָציאַלע פראַגע, דאָס גלייכען ווי דער XVIII יאָהר-הונדערט האָט בּעאַרבּייט און פערענטפערט די פּאָליטישע פראַגע. און דערום יעדע הייַנטיגע רעוואָלוציע, וועלכע וועט זיך אָבּזאָגען פערענט-פערען די סאָציאַלע פראַגע, ד. ה. פערבּייטען די אַלטע קאַפּי-טאַליסטישע געזעלשאַפט אויף אַ נייע סאָציאַליסטישע, וועט

ייַן נִיט קיִין גרויסע רעוואָלוציִע, נאָר אַ קליִינִיטשקע, וועלכע וועט נִיט נאָר אִין סאָציִאַלע, נאָר אויך אִין פּאָליִטִישע פערהעלט־ניסע קיִינע וויִכטיִגע רעזולטאַטען נִיט דערגרייִכען.

די אידעע פון דער רוסיִשער רעוואָלוציִע איז נאָך נִיט אִין גאַנצען בעשטיִמט און פאָרמוליִרט. מיִר וועלען דערמאָנען, אַז בעת דער גרויסער פראַנצויזיִשער רעוואָלוציִע האָט פון אײַנגעהמען באַסטיִליִע ביִז'ן נאַציִאָנאַלען קאָנוועַנט געדויערט 4 יאָהר, און אַזעלכע טהוער פון דער גריִנדונגס-פערזאַמלונג וויִ מיִראַבאָ, סיַיעס און אַנדערע האָבען אַפילו אין זיִנען נִיט געהאַט „די קאָנסטיִטו-ציִע פון 1793 יאָהר". אויך אין דער גרויסער ענגליִשער רעוואָ־לוציִע האָט פון דער צײַט, אַז קאַרל I האָט געמאַכט די פליטה פון לאָנדאָן, ביִז וואַנען ס'איז געוואָרען אַ רעפּובליִק, איז פער־גאַנגען גאַנצע 10 יאָהר און אִין דעם משך פון דער צײַט האָ־בען אַפילו אַזעלכע מענשען, וויִ קראָמוועל נִיט גערעכענט, אַז זיִ וועלען ווערען אִין גיִכען רעפּובליִקאַנער.

נאָר אויב אַפילו נאָכ'ן מיִינונג פון אונזערע קאָנסטיִטוציִאָ-נאַליִסטען־דעמאָקראַטען „לעבען מיִר איבער" אַנ'אמת'ע גרויסע רעוואָלוציִע, אַ גרויסע, נאָך דעם אומגלויבענדען כח פון די גע־פיִהלען-אויפרעַיסונגען, אַ גרויסע, נאָך דער טיִעפקײַט פון איהרע אורזאַכען און אונגעהערטקײַט פון איהרע רעזולטאַטען—אַ רעוואָ־לוציִע, וועלכע קען זיך צוגלייַכען צו די גרעסטע פאָלקס-בעוועגונ־גען פון מיִטען XVII יאָהר-הונדערט אין ענגלאַנד און סוף XVIII יאָהר-הונדערט אין פראַנקרײַך. און אין פערגלײַך מיִט וועלכער זײַנען די רעוואָלוציִעס פון 1830 און 1848 יאָהרען נאָר „קינדער־שפּיִעלען", אויב אַזוי טראַכטען אַפילו אונזערע קאַדעטען, דאַן וועט געוויִס איהר אידעע זיך אַרויסוויַיזען, אַלס אַ סאָציִאַליִסטיִשע.

נאָר איצט, בשעת דער רעוואָלוציִאָנער גאַנג און פּראָצעס הויבט זיך אָקאָרשט אָן, קענען, נאַטיִרליִך, אַפילו עקסטע פּאַר־טייִען נִיט אָבשאַצען די גאַנצע בעדייַטונג פון די אַלע ערשײַנונ-גען, וועל־כע קומען פאָר פאַר אונזערע אויגען, און זיִ שטעלען זיִך פאָר דעַרהײַיל אונזער רעוואָלוציִע, וויִ אַ בורזשואַזע (ס.-ד.),

אָדער זיי גלויבען, אַז זי וועט זיין אַ סאָציאַליסטישע פאַר ערד-
אַרבייט, און בורזשואזע—פאַר אינדוסטריע (ס.-ר.). ביי אונז איז
אָבער פונדעסטוועגען קיין שום ספק ניט, אַז אַזאַ פערהעלטניס
איז נאָר אַ צייט-ווייליגע אומבעשלאָסענהייט און בשעת דער חאַ-
ראַקטער פון אונזער רעוואָלוציע וועט אין גאַנצען קלאָר ווערען,
וועט געוויס געמאַכט ווערען אַ פראָבע צו אָרגאַניזירען אַ נייע,
סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

* * *

מיר זאָגען: אויב די רוסישע רעוואָלוציע איז אַ גרויסע
רעוואָלוציע, קען זי ברענגען צו אַ סאָציאַלען איבערקעהרעניש.
נאָר אין וואָס-זשע בעשטעהט דער אונטערשיעד צווישען אַ
„גרויסע" רעוואָלוציע און אַ „קליינע"?

ס'פערשטעהט זיך, אַז דער אונטערשיעד איז ניט אין
כמות, ניט אין דעם צאָהל פון גע'הרג'עטע און פערוואונדעטע,
געהאַנגענע און דערשאָסענע, און ניט אין מאָס פערגאָסענע
בלוט... יעדערער פיהלט, אַז צווישען דער פראַנצויזישער רע-
וואָלוציע פון סוף XVIII יאָהר-הונדערט און די רעוואָלוציעס
פון 1830 אָדער 1848 יאָהר איז פאַראַהן אַ טיעפער אונטערשיעד
אין איכות. נאָר די ווערטער „גרויסע", „קליינע" זיינען צופיעל
אונבעשטימט: זיי ווייזען נאָר אויף כמות-אונטערשיעד, אין דער
צייט אַז דאָ איז אַנ'אונטערשיעד אין זינען און אין אינהאַלט פון
דער רעוואָלוציע.

די שטרעבונגען פון אַ גרויסער רעוואָלוציע, דאָס, פון וואָס
בעשטעהט איהר עצם און וואָס פערזיכערט איהר אַנ'ערפאָלג,
זיינען די שטרעבונגען צו אַ נייעם לעבען, צו פערווירקליכען
דעם אמת אויף דער וועלט. די שטרעבונג ענטשטעהט דאַן,
ווען די פראַזע: „אַזוי ווייטער איז אונמעגליך צו לעבען", ווערט
אויס פראַזע, נאָר אַנ'אויסדריק פון אונפערמיידליכען בעדערפניס.
דאָס פאָלק וויל ניט און קען ניט מעהר בעפרידיגען זיך מיט'ן
עבר'דיגען לעבען, וועלכער איז פול מיט אכזריות, נאַרעריי און

דרוּקונג. אַזאַ לעבען קען דאָס פאָלק מעהר נוּט איבערטראָגען, דאָס פאָלק שטעלט אַוועק אַ מצבה אויף איהם און נעהמט זיך אײנפלאַנצען נײַע מנהגים פון יושר, אמת און אַלגעמײנעם גלוק. אַלץ, וואָס שטערט און פערשוועררט זײַן וועג צו דערגרײכען דעם ציעל, פערניכטעט דאָס פאָלק אָהן שום רחמנות. נוּט רעפאָרמען, נוּט אַ קאָנסטיטוציע, נוּט קײן רעפובליק, נוּט קײן 8-שעה'דיגער ארבײַטס-טאָג, נוּט דאָס פערווירקליכען פון וועלכען ס'איז פראָגראַם,— נוּט דאָס אַלץ איז דער ציעל פון דער פאָלקס-שטרעבונג, נאָר דאָס פערניכטען פון דעם אַלטען, און דאָס אײנפלאַנצען אַ נײַען, לחלוטין אַ נײַעם סדר, אין וועלכען עס וועט אפילו נוּט בלײַבען קײן שאָטען פון די עבר'דיגע אונרעכטיגקײַטען—דאָס איז דער ציעל פון דער פאָלקס-שטרעבונג.

דאָס איז דער ציעל פון יעדער גרויסער רעוואָלוציע, און אין אַ נאַאיווען פאָרם האָט דאָס אַרויסגעזאָגט דער ענגלישער רעוואָלוציאָנער פאַרלאַמענט פון 1653 יאָהר:

„מיר גלויבען, אַז גאָט וועט אין זײַן גרויסען חסד נוּט פערלאָזען זײַן פאָלק, אַז מיר וועלען אין זײַן האַנד ווערען אַ צווײַג צו ברעכען דעם שווערען יאָך, וועלכער דריקט דאָס פאָלק, אַז דער חסד וועט אַרויסגעגאָסען ווערען אויף אַלע אָרימע און בעדערפטיגע, און ס'וועט פערשוואונדען ווערען די שנאה, דער שווערד וועט פערביטען ווערען אויף אַנ'אַקער, און דער וואָלף וועט זיך פיטערן מיט אַ שעפס, און דאָס גאַנצע לאַנד וועט פוהל ווערען מיט גאָטס-שבחים, ווי דער אָבגרונד פון ים איז פול מיט וואַסער".

נאָר דער אַלגעמײנער ציעל ווערט בעקלײדעט אין בעשטימטע פאָרמען פון געזעלשאַפטליכע פערהעלטנוסע, און דוקא אין יענע, וועלכע זענען אויסגעאַרבײַט דורכ'ן טהעאָרעטישען מענשהײַט-געדאַנק אין יענעם היסטאָרישען מאָמענט.

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אין דער אָרגאַניזאַציע פון אַ נײַער פאָליטישער געזעלשאַפט געזעהן פערווירקליכען דעם אמת אויף דער ערד. די נײַע פאָליטישע געזעלשאַפט

האָט געדאַרפט זײַן אויפ'ן גרונד פון בירגערליכען גלײַכהײַט און פּאָליטישער פרײַהײַט, ווי ס'איז בעשטימט געוואָרען אין דער קאָנסטיטוציע פון 1793 יאָהר, א רעפּובליק מיט אַלגעמיינעם וואַהל-רעכט און רעפערענדום. די מענשען פון יענער צײַט האָבען געדאַכט, — שפּעטער האָט זיך אויסגעוויזען, אַז אומזיסט האָבען זיי געלעגט אזוי פיעל האָפנונגען אויף די אָרדנונגען. נאָר זיי האָבען דאָך דאָס ניט געוואוסט, — אַז אין דער נײַער פאָליטישער געזעלשאַפט וועלען אין אֶמת'ן מקוים ווערען פרײַהײַט, גלײַכהײַט און ברידערשאַפט.

די אידעע פון דער גרויסער ענגלישער רעוואָלוציע איז געווען — אָרגאַניזירען די געזעלשאַפט נאָכ'ן קירכען-טיפּ פון די ערשטע צײַטען, ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די אָרגאַניזאַציע אַליין וועט שוין ברענגען גליק און אֶמת אויף דער וועלט.

די אידעע פון דער רעפאָרמאַטאָרישער בעוועגונג אין XVI יאָהר-הונדערט איז געווען אַ ריין-רעליגיעזע: אײַנפיהרען אַנ'אֶמת'ע קירכע אַנשטאָדט דער קאַטוילישער, ניט אָנריהרענדיג קײַן שום פּאָליטישע און סאָציאַלע פערהעלטניסע. דאָס איבריגע וועט שוין ממילא קומען... האָבען געטראַכט יענע מענשען.

קיין איינציגע רעוואָלוציע פון די אַלע האָט ניט געבראַכט קײַן גליק דעם מענשהײַט, נאָר יעדערע פון זיי האָט געפּרובט פערווירקליכען אַלץ, וואָס איז געווען אויסגעאַרבײַט מיט'ן שכל פון יענער צײַט. דאָס אַלץ איז געוועזן ווינציג. ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די אַלע פּראָבעס האָבען ניט געבראַכט צו דעם פערלאַנגטען ציעל, האָט מען זיך געסטאַרעט פערווירקליכען אַפילו די ניט-קלאָרע פאָרשטעלונגען, וועלכע האָבען נאָך ניט געהאַט קײַן בעשטימטע פאָרמען.

דאָס פאָלק שטרעבט מאַכען אַ סוף פון דעם שלעכטען, מאוסען לעבען און אײַנפיהרען אַ נײַעם, אַ שענערען, אָבער וואָס ווײַטער ווערט דער חשק אלס שטאַרקער, ביז ער קומט צו אַזאַ שטופע, ווען ער ווערט שוין אַזוי שטאַרק, אַז דאָס פאָלק אַליין איז ניט מאַכטיג אויף איהם. נאָר מיט דעם ערקלערט זיך, פאר

וואָס בײַטען זיך מיט אַ וואונדערליכער שנעלקײט אין רעוואָלוציאָ-
צײַטען פּראָגראַמען. די פּראָגראַמען ווערען וואָס ווײַטער אַלס
מעהר עקסטרעם, — די זאָגענאַנטע „פּראָגרעסיווע“ פּאַרטײען
בלײַבען אײנע נאָך דער אַנדערער הינטערשטעליג, און די אמת'ע
פּראָגרעסיווע מוזען גאַנץ גיך מודה זײַן, אַז דאָס לעבען איז
אַ־ווּעק פיעל ווײַטער פון זייערע גרעסטע האָפנונגען, און זיי זעהען,
אַז אומזיסט בעשעפטיגען זיי זיך מיט דעם, וואָס זיי פערקירצען
און מאַכען מעהר בעל־הבית'ש זייערע פּראָגראַמען.

אַזוי איז געווען אין די צײַטען פון אַלע גרויסע רעוואָלוציעס,
דאָס זעלבע זעהען מיר איצט בײַ אונז. די פראַנצויזישע ליבעראַ-
לען אין 1789 יאָהר האָבען זיך געוויס ניט פאָרגעשטעלט,
ווי גיך זיי וועלען פאַלשען דער רעוואָלוציע, און עס פערשטעהט
זיך, אַז אונזערע אַלערליי-פאַרביגע פּראָגרעסיסטען — פון דער
בלומרשט סלאַוויאַנאָפילער חבריא שיפּאָוו, סטאַחוואָוויטש ביז די
קאַדעטען—האָבען מיט אַ יאָהר צוריק ניט פאָרגעשטעלט זיך, ווי
גיך זיי וועלען בלײַבען אין עק פון דער רעוואָלוציע, אויב ניט
אין לאַגער פון דער רעאַקציע. פאַרקעהרט, די קומענדיגע „מאָנ-
טאַניאַרען“ האָבען אין 1789 יאָהר, אָהן שום ספק, אפילו ניט
געחלומט וועגען זייער טהעטיגקײט אין 1793 יאָהר, ד. ג. ווי בײַ
אונז דאַכט זיך די קינפטיגע אָרגאַניזאַטאָרען פון דער נייער גע-
זעלשאַפט, אַז איצט איז מעגליך פערווירקליכען נאָר דאָס „מיני-
מום-פּראָגראַם“.

דער פּראָצעס האָט אַ פאַטאַליסטישען, אונפערמיידליכען
כאַראַקטער, און מיט דעם פאַטאַליזם זענען אָנגעצייכענט אַלע
גרויסע רעוואָלוציעס, — אונזערע איז ניט קײן אויסנאַהם —
גלײַכט-צו דעם אָנפאַנג פון פאָריגען יאָהר און איצטיגען מאָמענט,
און זאָגט: ווי האָט זיך דאָס אַלץ געטראָפען? ווער האָט דאָ
געאַרבײַט? מיר וויסען וועלכע כחות האָבען געאַרבײַט אין משך
פון פאָהריגען צענדליג-יאָהר: די ליבעראַלע זעמצעס האָבען
געפיהרט זייער פּאָליטיק, די טעראָריסטען זייערע, די עקסטע

פאַרטײַען האָבען געפֿיהרט זײַער פּראָפּאַגאַנדע א. ד. ג., נאָר װער אָבער האָט אויפגעטהון דעם איבערקעהרעניש פון 1905 יאָהר?

נאָר דאָס איז טאַקע די מעשה, װאָס דער גאַנג פון אַ גרויסער רעװאָלוציע װערט בעשטימט דורכ'ן פאָלקס-װילען, װעלכע געהט איבער פון דעם בעהאַלטענעם, פּאָטענציאַלען צושטאַנד אין אַנ'אַקטיװען, אַרבײַטענדען, און דאָס פאָלקס-װילען פאָדערט, אַז אַלץ פריהערדיגע זאָל פערניכטעט װערען, און עס זאָל אָרגאַניזירט װערען אַ נײַע געזעלשאַפט. די פּאָליטישע טהוער גיבען זיך אונטער אונװיסענד צו דעם װילען, און אָהן אַנ'אויפהער מאַכען זיי די רעפאָרמען-פּראָגראַמען אַלץ ברײַטער ביז װאַנען זיי נעהמען ניט צו אַלץ, װאָס איז אויסגעאַרבײַט ביז דער מינוט דורכ'ן מענשענס געדאַנק. די אָבער, װעלכע װילען זיך אײַנשפּאַרען, װערען כּהרף עין אָבגעשלײַדערט אַזױ װי מעקינע פון שופעל.

אָבער דאָ קען מען פרעגען, צי איז די רעװאָלוציע, װעלכע מיר לעבען איבער, טאַקי אַ גרויסע רעװאָלוציע, פון דעם זעלבען טיפּ װי צ. ב. ש. די פראַנצויזישע אין XVIII יאָהרהונדערט, אָדער די ענגלישע אין XVII יאָהר-הונדערט. ס'פערשטעהט זיך, אַז די פראַגע איז ניט קיין מאַטעמאַטישע, װעלכע מען קען פערענטפערען מאַטעמאַטיש, אָהן שום מחלוקת. געװיס, שאַצט יעדער אָב די געשעהנישען, װעלכע ער לעבט איבער מיט אַ געװיסען סובּיעקטיװיזם,—איך געפין אַלע סימנים פון אַ גרויסער רעװאָלוציע, אַ צװײַטער װעט אפשר געפינען. אַז די סימנים קענען ניט דינען פאַר אַ ראיה, װײַל זיי זענען ניט גענוג קלאָר.

אַלענפאַלס, װעל איך פּרובען איבערצעהלען זיי זעהר קורץ.

ערשטענס, די רעװאָלוציע האָט פערחאַפּט זעהר ברײַט און זעהר טיעף: דאָס גאַנצע פאָלק פון שפּיץ ביז נידער איז פערחאַפּט מיט'ן רעװאָלוציאָנעם פּראָצעס. ס'האָבען זיך אויפגעהויבען די פויערים. ס'איז פערחאַפּט מיט דער רעװאָלוציאָנער בעװעגונג כּמעט דער גאַנצער פלאָט און אַ טהײל פון אַרמעע. אין מאָסקװע שלאָגען זיך די רעװאָלוציאָנע „דרוזשינעס“ מיט מיליטער, און דאָס גאַנצע בעפעלקערונג מיט'ן הילף פון דװאָר

ניקעס, קרעמער א. ד. ג. בויט באַריקאַדען. די בעאַמטע פון פאָסט, טעלעגראַף און באַהן מאַכען שטרייקען און ווייזען זיך אַרויס אַלס אַ פעהיגסטער, אַקטיווער רעוואָלוציאָנער עלעמענט, ווען מיט אַ יאָהר צוריק וואָלט דאָס אַלץ ווער געזעהן אין חלום, וואָלט מען איהם געווים אוועקגעפיהרט אין משוגעים-הויז, וויל מען וואָלט גערעכענט, אַז אַ געזונדער און נאָרמאַלער מענש קען אַזוינס אפילו אין חלום ניט זעהען; און איצט זעהען מיר דאָס אַלץ אויפ'ן וואָהר, בלייבענדיג ביי געזונדען שכל און זכרון. אונצופרידענקייט און רעוואָלוציאָנער גייסט געפינט אַנ'אָרט אין אַזעלכע טהיילען פון פאָלק, ווי דוואָרניקעס, מאָנאַסטירער-לערן-יונגען, גייסטליכע, גאָראָדאָוויעס און קאָזאַקען, פון וועמעס צד מען האָט געקענט אויף אַלס האָפען, נאָר ניט אויף אַזוינס.

דער וואונדערליך שנעלער וואוקס פון דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג. די שנעלע פערשפרייטונג פון רעוואָלוציאָנע אידעען. וואָס האָבען פאָרגעשטעלט די פעטער-בורגער אַרבייטער אין רעוואָלוציאָנען בעוואוסט-זיין מיט אַ יאָהר צוריק, און וואָס איצט?

ווער האָט זיי אַלעמען „פונאַנדערגעפּראָפּאַגאַנדירט"? נאָר דער זעלבער פּראָצעס, כמעט מיט דער זעלבער שנעלקייט קומט פאָר אויך ביי די פויערים: ווער עס וויל קריגען אַ בעגריף אין דעם, זאָל צוגלייכען די ערשטע פויערשע „פּריגאָוואָרען" מיט די „פּריגאָוואָרען" פון סוף 1905 יאָהר, אָדער די ערשטע חוואַליע פון די דאָרפישע-אונרוהען, וועלכע האָט נאָך כמעט ניט געהאַט קיין קלאָרען כאַראַקטער פון „ערד און פרייהייט" מיט דער צווייטער (אָקטיאַבר-דעקאַבר), וועלכע קען שוין צו קיין ספק ניט ברענגען אין דעם פּרט.

אין איין יאָהר האָט דאָס פאָלק: די אַרבייטער, פויערים, מאַטראָסען, אויף אַזוי פיעל איבערגעשפּאַנט די ליבעראַלע אינטעליגענץ און די געזעלשאַפטליכע קלאַסען, וועלכע האָבען זיך גאָר ניט לאַנג געצאַצקעט מיט'ן צוגעשפּילעטען רויטען בלום, אַז די לעצטע האָבען גאָר פערלאָרען זייער ליבעראַליזם, און אַ טהייל

פון זיי שעמען זיך שוין ניט צו רוקען זיך נעהענטער צום רעגי־רונג, אָדער ווי די ה׳ סטרובע, קויפמאַן און קאָמפּ. סטאַרען זיך מיט כל הכחות דיסקרעדיטירען די רעוואָלוציע.

נאָר די שנעלע, כמעט ווי נייגעבוירענקייט פון דאָס פאָלק, די ערלויטערונג פון דאָס פאָלקס-בעוואוסטזיין, וועלכע מאַכען אַנ׳איינדרוק, אַז דאָ זענען נסים געשעהן, כאַראַקטעריזירען אַ גרויסע רעוואָלוציע, ד. ה. אַזאַ צייט ווען דאָס פאָלקס-ווילען גיעהט איבער פון זיין שטילע, בעהאַלטענע צושטאַנד אין אַנ׳ארבייטענדע, אַקטיווע, און ווען די זעלבע מענשען, וועלכע האָבען פריהער געאַקערט ערד, געהאַקט האָלץ און געמאַכט שטיוועל הויבען אָן „מאַכען די געשיכטע״.

ניט קיינע פערזאָנען, ניט קיינע פאַרטייען, נאָר דאָס פאָלק, אַלס אַ גאַנצע אַלס אַ נאַציע, טרעט-אַרויס אויפ׳ן בּיהמע פון געשיכטע. ער וויל שוין מעהר ניט ליידען די אַלטע אָרדנונג ער וויל שאַפען אַ נייע, און דאָס ווילען, בשעת ער גיעהט איבער אין מעשים, עפענט איהם די אויגען.

ד ע ר פ א ט א ל י ש ע ר כ אַ ר אַ ק ט ע ר פון דעם פּראָצעס, וועגען וועלכען מיר האָבען גערעדט פריהער. ווי האָט זיך אַזוינס געטראָפען? פרעגט יעטווידער, ווי איז דאָס פאַרגעקומען, אַז דער „פער״ פון אונזער פראָגרעסיווער אינטעליגענץ, די ליבעראַלע זעמצעס, אַרכי-ליבעראַלע „אָסוואָבאָזשדענצעס״ זענען אַזוי גיך פערבליבען הינטער דער בעפרייאונגס-בעוועגונג? ווי איז עס געשעהן, וואָס מיר אַלע, וועלכע זענען געוועזען גרייט מיט אַ יאָהר צוריק בענוגענען זיך מיט דער ערגסטער קאָנס־טיטוציע אויפ׳ן פּרייסישען שטייגער, ווילען איצט אַפילו ניט הערען און ניט דאַכטען וועגען דער גאָסוד. דומע, כאָטש זי איז צונויפגעפאַסט ליבעראַלער פון דעם עסטרייכישען רייכסראַט? ווי בכלל האָט זיך געקענט טרעפען דאָס, וואָס האָט זיך גע־טראָפען? אַפּ״ דער גרעסטער מאַמין־רעוואָלוציאָנער האָט אויף אַזאַ נצחון ני ט אַ יאָהר צוריק ניט געהאָפט. ער האָט וועגען אַזעלכעס אַפילו ניט געחלומט.

„רוסלאַנד איז משוגע געוואָרען", איז מודיע פירסט מעשצער-סקי. „רוסלאַנד איז אַראָפּ פון זינען"! איז מסכים גראַף וויטטע, „די משוגעת פון דער רעוואָלוציע"! חאַפּט אונטער ה' סטרובע.

אויף די אַלע קינדערשע טענות קענען מיר ענטפערן מיט די ווערטער פון פּאָלאָניוס: „פונדעסטוועגען איז די משוגעת אַ סיסטעמאַטישע"!

דאָס פאָלקס-ווילען ווערט אַלס קלערער און ער געהט אין איין וועג.

אין דעם פּראָצעס ליגט אַנ'אייגענע לאָגיק. וועלכע איז אָהן רחמנות און וועלכע איז העכער און שטאַרקער פון אונזער קורצינקע לאָגיק. אָט זענען שוין אַלע שמאָלינקע פּראָגראַמען אָבגע־יאָרפען געוואָרען, און אפילו די פּראָגראַמען פון די עקסטע פּאַרטייען וואַיזען זיך אויס פאַר שמאָלע. די סאָציאַל-דעמאָקראַטען אַליין מוזען ברייטער מאַכען זייער פּראָגראַם-מינימום, כדי ניט אָבשטעהען פון די מאַסען-פאָדערונגען. ווען איהר וועט אַ קוק טהון אויף דער געשיכטע פון גרויסע רעוואָ-לוציעס, וועט איהר זעהן, אַז אומעדום קומט-פאָר דער זעלבער אָהן-רחמנות'דיגער פאַטאַלישער כאַראַקטער פון דעם רעוואָלוציאָנעם פּראָצעס, וועלכער ענטוויקעלט זיך ביז וואַנען ער נעהמט און שעפּט ניט אויס אַלע פּראָגראַמען, וועלכע האָט צו יענער צייט געקענט פאָרלעגען דער טהעאָרעטישער געדאַנק.

קליינינקע מחות האָבען ראַן אויך געשריען וועגען משוגעת; מענשען-מאַמינים אין XVI-XVII יאָהר-הונדערט, פיהלענדיג, אַז ניט קיין אייגענער ווילען און ניט קיין פּאַרטיי-ווילען פיהרט זיי, נאָר גאָר אַנ'אַנדער ווילען פון אַ העכערער מדרגה, האָבען באמת געטראַכט אַז זיי פיהרט גאָטס-השפעה.

עס קומען פאָר אַזוינע מאָמענטען אין דער געשיכטע וועלטען, אין עטליכע יאָהר הונדערט איין מאָהל, נאָר עס קומען פאָר! אויף קליין-מח'דיגע פּאָליטישע קרעמער מאַכען זיי אַנ'-איינדרוק פון משוגעת, וויַיל אין אַזעלכע צייטען איז אונמעגליך אויסצורעכענען „די אמת'ע כחות-פערהעלטניסע" ווי אין גע-

וועהנליכע היסטאָרישע וואָכען-טעג. אין היסטאָרישע וואָכען-טעג געפינען זיך גאַנץ ווינציג מענשען, וועלכע „מאַכען די געשיכטע”, און זעהר פיעל מענשען, וועלכע מאַכען שטיוועל, אַקערן ערד, לעזען לעקציעס — מענשען, וועלכע זענען פערנומען אינגאַנצען מיט זייער „אייגענעם געשעפט”. די אַקטיווע כחות זענען אַזוי ווינציג, אַז זיי איז ניט שווער אויסצורעכענען, און אויף דעם סמך מאַכען אַ גאַנצען חשבון.

נאָר די אַלע חשבונות און ראַכונקעס פאַלען-אָב אין די וועלטענע מינוטען, ווען צו דער אַרבייט נעהמען זיך די אונ-טערערדיגע, ביז איצט בעהאַלטענע כחות, אין די וועלטענע מינוטען, ווען עס בלייבען ניט קיין שטיוועל-מאַכער, און אַלע ווערען „געשיכטע-מאַכערס”, ווען בעלי-בתים קריכען אַרויס פון אונטער אויוועז און ווערען בירגער, ווען אַ טאָג איז גלייך צו אַ יאָהר, און אַ יאָהר—צו אַ גאַנצען דור.—אָט אין דעם בעשטעהט דאָס אומבעוואוסטע, וועלכע קיין פּאָליטישער בוכהאַלטער קען ניט אויסרעכענען, קיין פּאָליטישער אַפּטעקאַר קען ניט אויסוועגען, קיין פּאָליטישער חימיק קען ניט אַנאַליזירען. און דאָס איז אַלעס, וואָס בעשטימט דעם גאַנג פון אַ גרויסער רעוואָלוציע.

יעטווידער, וועלכער קוקט מיט אָפענע אויגען, וועט מסכים זיין, אַז דער פּראָצעס, וועלכען מיר לעבען איבער, איז פון אַזאַ טיפּ.

נאָך גאָר ניט לאַנג, בשעת מיר פלעגען צעהלען די כחות פון דער רעוואָלוציע, פלעגט דער חשבון אויסקומען אַזאַ:

די ליבעראַלע אינטעליגענץ, די זעמצעס, אַ טהייל בור-זשואַזיע (די „ליבעראַלע” מאָסקיוער דומע, למשל), אַ היבשע טהייל אַרבייטער, אפשר אַ הייפעלע פויערים.

און אויסרעכענענדיג די כחות פון דער רעאַקציע: די רע-גירונג, די בעאַמטע, די שוואַרצע מאָה, די אַרמעע, די פויערים-מאַססען. און איצט?

איצט, די רעוואָלוציאָנע כחות: פויערים-מאַססען, דער פּראָלעטאַריאַט, אַ היבשע טהייל אַרמעע, די קליינע בעאַמטע,

און די כחות פון רעאַקציע: די רעגירונג, די זעמצעס, די בורזשואַזיע, און די ליבעראַלע אינטעליגענץ, ביז אין צוזאַמען מיט די קאַדעטען, וועלכע ציהען זיך אונוויסענד צו זיי. אט ווי אַזוי האָבען זיך פערביטען די „אמת'ע כחות-פעלהעלטניסע" אין אַזאַ קורצע צייט.

דער רעוואָלוציאָנער ענטוזיאַזם. ווער האָט ניט געפיהלט זיין ווירקונג אין די וואונדערליכע טעג פון דע-מאָנסטראַציעס און מיטינגען, ווען די שטאָדט איז געווען ווי נייגעבוירען, געוואָרען העכער און גייסטליך-ציכטיגער. פיעלע רעוואָלוציאָנע פאַקטען, ווי צ. ב. ש. דער סעוואַסטאָפּאָלער אויפשטאַנד גיבען אונז אַ קלאָרען ביישפיעל פון אַזאַ ענטוזיאַזם, וועלכער איז איינגעוואָרצעלט שוין ניט אין די פערזענליכע מדות פון דעם אָדער יענעם כלל-טהוער, נאָר אין דער שטימונג פון פאָלקס-מאַסען. איך געדענק ניט, ווער האָט בעמערקט, אַז די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע, די אַטעאיסטישע רעוואָלוציע, — מיט'ן שכל אַנשטאָט גאָטהייט, — האָט געהאַט פונדעסטוועגען אַ חאַראַקטער פון אַ רעליגיעזע רעוואָלוציע, ווייל אין איהרע פאָליטישע רעפּובליקאַנישע „אַני מאמינ'ס" האָט מען געגלויבט מיט זעהר אַ גרויסען היץ. אט דאָס איז דער סימן פון גרויסע רעוואָלוציעס: זיי זענען שטענדיג רעליגיעזע, זיי קעמפּפען פאַר אמת, און ניט פאַר ברויט. זייער שווערד איז ניט פון אַ קנעכט, וועלכער שטעלט זיך אוועק געגען זיין פּריץ, נאָר „אַ שווערד פאַר גאָט און גדעון".

דער רעליגיעזער פייער, דער ענטוזיאַזם, וועלכער האָט זיך שוין פיעל מאָל אַרויסגעוויזען אין אונזער רעוואָלוציע, איז אפשר שעדליך אין איינציגע צופאַלען, ווייל ער שטערט דעם חשבון, די פּראַקטישע אויסרעכענונגען; דוכט זיך, אַז דער ענטוזיאַזם האָט געבראַכט שאָדען אין סעוואַסטאָפּאָל. נאָר אין דעם אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנעם גאַנג, זענען אויף איהם אַלע האָפנונגען. מיר, וועלכע האָבען זיך פּריטוליעט בעסער אָדער ערגער אויף די אויבערשטע שטאָקען פון געזעלשאַפט, מיר, וועלכע

זענען צורִיסען און צובִּיסען פון דעם אייבִּיגען חכמה'נען זיךְ און ספקות, מיר קענען זיךְ גאָר ניט פאָרשטעלען די גאנצע כּחות פון דעם פאָלקס-ענטוזיאַזם.

מיר צינדען זיךְ גיךְ אָן און ווערען גיךְ קאַלט, אין די פאָלקס-מאַסען דער ענטוזיאַזם פלאַקערט זיךְ פונאַנדער לאַנגזאַם, אָבער דערפאַר ברענט ער לאַנג, ווי אַ נר תמיד.

בשעת די „פני" פון פראַנצויזישער געזעלשאַפט האָבען שוין זיךְ לאַנג אָבגעקיהלט און צוקראָכען געוואָרען, און האָבען פאַנטאַזירט איינפיהרען „אַנ'אָרדנונג", ווי טייער עס זאָל ניט קאָסטען, האָט דער ענטוזיאַזם פון די פראַנצויזישע פאָלקס-מאַסען נאָךְ געפלאַקערט. נאַפּאָלעאָן דער I האָט זיךְ בענוצט מיט איהם, כּדי רעוואָלוציאָניזירען אייראָפּאַ און גרינדען אין פראַנקרייךְ זיין דיקטאַטור.

בשעת די ענגלישע בורזשואַזיע האָט געיאָמערט: „גענוג", האָט דאָס פאָלק געזאָגט: איצט ערשט הויבּט זיךְ אָן. און דאָ האָט קראָמוועל ווייטער בענוצט דעם פאָלקס-ענטוזיאַזם אויף זיין שטיינער.

אָהן שום ספק, דער ענטוזיאַזם, וועלכער הויבּט זיךְ אָקאָרשט אָן פונאַנדערפלאַקערן אין רוסישען פאָלק, קען אויךְ מיט דער צייט אויסגענוצט ווערען, — ווען די רעוואָלוציע-ראָד וועט זיךְ אין גאַנצען איבּערדרעהען, — דורךְ וועלכען ס'איז דיקטאַטאָר, אויב אַזעלכער וועט זיךְ נאָר געפינען. ווייל אַזעלכע מענשען, ווי נאַפּאָלעאָן אָדער קראָמוועל ווייזען זיךְ ניט נאָכ'ן ערשטען רוף. נאָר דאָס קען נאָר דאַן טרעפען, ווען די רעוואָלוציע וועט ניט האָבען קיין ערפאָלג: ווען דאָס פאָלק וועט זיךְ מיאַש זיין. ווען אָבער אונזער רעוואָלוציע וועט זיךְ ענדיגען מיט אַ פערענטפערונג פון דער סאָציאַ-לער פראַגע, דאַן וועט קיין יאוש זיין, ווייל די געזעלשאַפט פון אַ סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע וועט אויף אַנ'אמת פערווירקליכען פרייהייט, גלייכהייט און ברידערשאַפט. נאָר לאָמיר ניט פער-לויפען פאָראויס. אַלענפאַלס, די ענטוזיאַזם-ערשיינונגען, מיט

וועלכע איז אזוי פּועל רייך די רוסישע רעוואָלוציע, מאכט איהר נאָהענט צו די גרויסע עבר'דיגע רעוואָלוציעס.

און, צום לעצטענס, קוקט זיך איין און בעטראכט די פאָדערונגען פון פאָלק.

אין די פויערשע פּראָגראַמען רעכענט איהר צו געפינען, לויט דער געוועהנליכער פאָרשטעלונג וועגען אַ פּויער, נאָר ערד-פאָדערונגען, אין אמת'ן אָבער: גלייכע רעכטע, בעפרייאונג פון פּאָליטישען און אדמיניסטראַטיווען יאָך, פאָדערונגען פון פרייהייט, גלייכהייט און בירגערליכע פולרעכטיגקייט — פערנעהמען דאָרט ניט ווייניגער אָרט און שטעהען אָפטמאָהל אויפ'ן ערשטען פּלאַן.

זעהר חאַראַקטעריסטיש זענען די פאָדערונגען פון אַלע שטרייקענדע: אַרבייטער, משרתים, פּריקאַשטשיקעס, סאָלדאַטען א. ד. ג. די פאָדערונג איז — אַז מען זאָל זיך בעגעהן מיט זיי ערדעל, ווי מיט מענשען, אַז מען זאָל אויפהערען „דו"צען" זיי א. ד. ג.

מיט איין וואָרט, אומעדום הערען מיר ניט פאָדערונגען פון אַ לינזען-זופּ, נאָר פאָדערונגען און שטרעבונגען צו אַ נייעם לעבען, וועלכער פּאַסט פאַר אַ מענשען, אלס אַזעלכען.

אָט די אַלע סימנים, וועלכע ווייזען: ווי טיעף, ווי ברייט און ווי שטאַרק איז די רעוואָלוציאָנע בעוועגונג, ווי גיך דאָס רעוואָלוציאָנע בעוואוסט-זיין האָט פערשפּרייט זיך און געמאַכט אין אַזאַ קורצע צייט אַזאַ גרויסע איבערקעהרעניש, דער פאַטאַלישער כאַראַקטער פון דעם פּראָצעס, וועלכער ענטוויקעלט זיך מיט אָהן רחמנות'דיגער לאָגיק אין איין וועג, דער רעליגיעזער ענטוזיאַזם, די קלאָרע שטרעבונגען צו אַ נייעם, פאָלקאָם נייעם, לעבען, וועלכעס דאַרף זיין געגרינדעט אויפ'ן אמת און יושר—אָט די אַלע סימנים זענען אָביעקטיווע, איך האָב זיי ניט אויסגעטראַכט, און דאָס זענען אַלץ סימנים פון אַנ'התחלה פון אַ גרויסער רעוואָלוציע, וועלכע האָט דעם ערשטען סימן, ווי די געשיכטע זאָגט עדות, אַז זי שטעהט אויף דעם שפּיץ פון די טהעאָרעטישע חקירות פון איהר צייט און שעפּט-אויס אַלע

פראָגראַמען-מאַקסימום פון איהר צייט , פעריווירקליכט אָדער , לכל הפחות, סטאַרעט זיך צו פערווירקליכען אַלץ , וואָס דער טהעאָרעטישער שכל פון דער מענשהייט האָט אויסגעאַרבייט צו דעם היסטאָרישען מאָמענט . —

דער לעזער וועט אפשר געפינען , אַז איך שאַץ-איבער די בעדייטונג פון די אַלע סימנים , נאָר אויב ער האָט אויפמערק־זאַם אַכטונג געגעבען אויף די ענטוויקעלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע און איז בעקאַנט מיט דער געשיכטע פון די גרויסע רעוואָלוציעס אין מערב-אייראָפּאַ , וועט ער מוזען מודה זיין אַז אַלענפאַלס רעד איך ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין אָהן אַ שום יסוד .

דער לעזער וועט מוזען מודה זיין , אַז דער, וואָס קלערט , אַז דער רעוואָלוציאָנער פּראָצעס , וועלכער האָט זיך שוין אַרויס־געוויזען מיט אַזעלכע ערשיינונגען , קען פלוצלונג זיך ענדיגען , פערלאָשען ווערען און בטל ווערען אָהן אַ שום רעזולטאַט ,— איז מעהר פאַנטאַזיש ווי איך, וועלכער גלויבט אין דער ווייטערדיגער ענטוויקעלונג, וועלכע וועט דערגעהן ביז אזאַ מדרגה, אַז זי וועט זיך פרובען צו פערווירקליכען אַ נייע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט .

ווער ס'איז מסופק, אַז די אַלע אויבען דערמאָהנטע סימנים פון אַ גרויסער רעוואָלוציע ווייזען באמת , אַז ס'קומט פאָר פאַר אונזערע אויגען אַ גרויסע רעוואָלוציע , איז גלייך ווי ער וואָלט געווען מסופק אין רוסישען פאָלק : צי איז דאָס רוסישע פאָלק אַ פאָלק אין מערב-אייראָפּעישען זין אָדער אַ קנעכט-שבט, וועלכער איז ניט בכח צו שאַפען ?

דאָס רוסישע פאָלק איז נאָך זעלבסטשטענדליך ניט אַרויס־געטראָטען, ער טרעט אַרויס איצט צום ערשטען מאָהל און דעריבער איז זעהר נאַטירליך , אַז מיר דערמאָהנען זיך איצט אָן די ווערטער פון הערבערשטיין : „דאָס פאָלק פערלאַנגט ליבער קנעכטשאַפט אַידער פרייהייט" און מיר זענען אין ספק : טאָמער, ניט קוקענדיג אויף אַלע סימנים , איז דאָס ניט קיין גרויסע רעוואָלוציע, נאָר אַ פאַלשע טרעוואָגע . . . אַ רוסישער מענש איז

אַ שעפּס; אֶמת, שעפּסען הויבען אויך אָן אַ מאָהל צו בריקעווען, אָבער וואָס קומט-אַרויס פון אַזאַ שעפּסען-כעס?

נאָר דער, וועלכער רעכענט, אַז דאָס רוסישע פאָלק איז בכח צו שאַפען, דער, וועלכער איז מודה, אַז אין רוסלאַנד קומט פאָר אַ גרויסע רעוואָלוציע, אַ רעוואָלוציע פון דעם טיפּ, ווי די פראַנצויזישע אין XVIII אָדער די ענגלישע אין XVII יאָהר-הונדערט און האַלט אין דער זעלבער צייט, אַז אונזער רעוואָלוציע וועט זיין אַ בורזשואַזע, אַז זי וועט אָבשטעהן אויף גאַנצע הונדערט יאָהר פון דער טהעאָרעטישער אַרבייט, פון דער קולטור-רעלער מענשהייט און וועט זיך בענוגענען צו פערווירקליכען דער-פון נור דאָס, וואָס דער מענשען-שכל האָט אויסגעטראַכט און אויס-געאַרבייט מיט 150 יאָהר צוריק, ד. ה. זי וועט זיך אַרויסווייזען פיעל נידעריגער פון איהר צייט, — דער, וואָס טראַכט אַזוי, איז זיך אַליין סותר. זאָגען אַזאַ אַבסורד, אַזאַ נאַרישקייט, קען מען נאָר, ווען מען האָט זיך ניט גוט בעטראַכט אין דעם זין פון די גרויסע רעוואָלוציעס, וועלכע זיינען אַלע איינשטימיג אין איינס, חאָטש זיי זיינען אָבגעשיידעט איינע פון דער אַנדערער אין זייער אינהאַלט (פּאַסענדיג צום היסטאָרישען מאָמענט): יעדע פון זיי פּרובט זיך פערווירקליכען אין פּראַקטיק אַלץ, וואָס דער מענשלי-כער שכל האָט אויסגעאַרבייט אין דער טהעאָריע.

* *
*

ווי שנעל וועט פאָרקומען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, אָדער, כדי ניט זאָגען נביאות וועגען איהר ערפאָלג אָדער אונערפאָלג, ווער וועט אויף זיך נעהמען צו פערווירקליכען די סאָציאַלע רעוואָלוציע?

פאַר מ.ר איז קיין ספק ניט, אַז די התחלה וועט אַרויס פון פאָלק אַליין און בשום אופן ניט פון וועלכע ס'איז פּאַרטיי. די רוסישע רעוואָלוציע איז שוין אַרויף-געטראָטען אויף דעם וועג. דאָס פאָלק אַליין אַרבייט און שטעלט-אַרויס פאָדערונגען, און די פּאַרטייען, אַפילו די עקסטע, גיבען זיך אונטער זיינע

פאָדערונגען און פאָרמולירען אָדער, ריכטיגער געזאָגט, רעדיגי-
ריען זיי, זוכענדיג און געפינענדיג פאַר די פאָלקס-פאָדערונגען
די נויטיגע אויסדריקען צווישען די אויסגעאַרבייטע טהעאָרעטישע
געדאַנקען, פּראָגראַמען, נוסחאות און פּלאַנען. יוען די סאָציאַל-
דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אַרויסגעשטעלט אַלס אַ פאָדערונג,
וועלכע מוז שוין ערפילט ווערען, דעם 8-שעה'דיגען אַרבייטס-
טאָג, האָט דאָס די פּאַרטיי געטהון נאָר דערפאַר, ווייל די
אַרבייטער, וועלכע זיינען אַיועק פיעל ווייטער פון איהר, האָבען
איהר געוויזט אַריינשטעלען פיעל זאַכען פון מאָרגען-פּראָגראַם
אין פּראָגראַם פון היינטיגען טאָג. ניט די ס. ר. פּאַרטיי האָט
צוגעבונדען צו די אַגראַר-בעוועגונג די „סאָציאַליזאַציע פון ערד",
נאָר דער פויערען-אויפשטאַנד האָט גאַנץ קלאָר געגעבען צו
פאַרשטעהן, אַז די פויערים זיינען אויפגעשטאַנען ניט צוליעב
דינגען זיך וועגען „שטיקלעך און ברעקלעך", וואָס מ'וועט זיי
מוסיף זיין, און דאָס האָט געוויזט דער פּאַרטיי זוכען אַזאַ בריוטע
פּראָגראַם-נוסח, אין וועלכען זאָלען זיך אויסדריקען אַלע פאָדע-
רונגען פון די פויערים. ניט די פּאַרטייען האָבען „געגעבען אַ
בעפעהל" שאַפען די אויפשטאַנדען אין מאָסקוואַ, סעוואַסטאָפּאָל,
ראָסטאָוו אויפ'ן דאָן און דאָס גלייכען, — גיכער קען מען זאָ-
גען, אַז די פּאַרטייען האָבען זיך ניט ערוועגט אויסנוצען די אַלע
אויפשטאַנדען.

ווען מיט אַ יאָהר צוריק האָט מ'גען געקלערט, אַז די „פּני"
פון דער געזעלשאַפט מאַכען די רעוואָלוציע און מ'האָט מיט
זאָרג געטראַכט: צי וועלען אונז די פאָלקס-מאַסען שטיצען?—
קענען שוין איצט די פאָלקס-מאַסען, וועלכע האָבען גענומען די
רעוואָלוציע-זאַך אין זייערע אייגענע הענד, פרעגען זיך: ווי ווייט
יועלען מיט אונז צוזאַמען געהן די „פּני", די שפּיצען פון דער
געזעלשאַפט? זיי, די פאָלקס-מאַסען, האָבען געקענט פרעגען,
ווען מען וואָלט דאַרפען פרעגען; נאָר די „פּני" פון דער געזעל-
שאַפט איילען זיך וואָס גיכער צו אָרגאַניזירען זיך אין אַנ'אַנטי-
רעוואָלוציאָנעם פערבאַנד.

געגען די רעאַקציאָנערע כחות שטעהט איצט דאָס רעוואָ-לוציאָנע פאָלק, וועלכע דרינגט און פיהרט צו דער ווייטערדי-גער בעוועגונג. דער וויכטיגסטער און כאַראַקטעריסטישער פאַקט פון לעצטען יאָהר בעשטעהט אין דעם, וואָס דער בעוועגונגס-קראַפט פון דער רעוואָלוציע האָט זיך איבערגערוקט פון אויבען אַראָב.

דאָס פאָלק וועט זיך ניט אָבשטעלען. דאָס פאָלק דאַרף אֶמת און ניט קיין קאָנסטיטוציע, אַלס אַזעלכע. ווען דאָס פאָלק וועט דערזעהן, אַז עס זיינען פערווירקליכט געוואָרען פּאָליטישע רעפאָרמען, אַפילו אַ גרינדונגס-פערזאַמלונג, אָדער אַ וועלכע ס'איז קאָנסטיטוציאָנע אָדער רעפּובליקאַנישע אָרדנונג אָבער זיין לאַגע פון אַ פערשפּאַנטען אָקס בלייבט ווי פריהער, דאַן וועט דאָס פאָלק ניט בערוהיגען זיך און וועט פאָדערען, אַז ס'זאָל פערווירקליכט ווערען אַזאַ מין אָרדנונג, וועלכע, ווי ס'איז שוין איצט בעוואוסט, קען יע אַרויספיהרען איהם פון זיין איצטיגער לאַגע. די לאָגיק פון דעם אינערליכען, פסיכישען פּראָצעס, וועלכער ליעגט טיעף אין גרונד פון יעדער גרויסער רעוואָלוציע, מוז אַליין ברייננגען דערצו. אָבער די אויסערליכע, זעהר שטאַרקע אורזאַכע וועט זיין די שלעכטע עקאָנאָמישע לאַגע פון דאָס גאַנ-צע לאַנד, וועלכע קומט שטענדיג בשעת אַ רעוואָלוציע און וועלכע מען קען ניט אויסמיידען און פערהיטען. די עקאָנאָמישע לאַגע, וועלכע פערבעסערט זיך שטענדיג נאָך געזעלשאַפטליכע רעפאָר-מען, קומט-אָן ערשט נאָך דער רעוואָלוציע (אין פראַנקרייך צ. ב. ש. ערשט אין דער צייט פון דער רעסטאַוראַציע), נאָר ווען די רעוואָלוציע איז נאָך דאָ, איז דער עקאָנאָמישער קריזיס אונפער-מיידליך.

די רעגירונגס-באַנקראָט, פּראָדוקציאָן-קריזיסען — מיט איין וואָרט, די דעזאָרגאַניזאַציע פון דער גאַנצער לאַנדס-ווירטשאַפט איז נאָר איינע פון די אויסערליכע רעוואָלוציע-ערשיינונגען; און ווער עס זאָגט: „רעוואָלוציע", זאָגט דערמיט: „ווירטשאַפטליכע דעזאָרגאַניזאַציע"—דאָס דאַרף יעדער פערשטעהן, יעדער קאַדעט

(אַ שוּלער פון קאַדעטסקען קאָרפּוס), און מען דאַרף זײַן אַ „קאַדעט“ (אַ מיטגליעד פון דער קאַ־דע־טישער פּאַרטיי), אַז מען זאָל דאָס ניט פערשטעהן!

פאַר׳ן פאָלק שטעהט אַ ברירה: אָדער פערפוילט ווערען אין זײַן שלעכטער לאַגע אָהן אַ האָפנונג אויף בעסערס, אָדער געהן צום אמת און צום יושר און אַ קורצע צײַט לײַדען צרות צוליעב אַ נײַעם לעבען. עס קומען פאַר אַזעלכע מינוטען, ווען דאָס פאָלק בעשליסט אויף דאָס לעצטע, ווי עס ווײַזט אונז די געשיכטע פון די גרויסע רעוואָלוציעס; דער פאָלקס ענטוזיאַזם איז שטאַרקער פון אַלץ, און אָרימקײַט, דחקות און צרות קענען איהם ניט צוברעכען. נאָר דער זעלבער ענטוזיאַזם, וועלכער העלפט איהם איבערטראָגען אַלע גרעסטע צרות, העלפט איהם און דרינגט איהם ניט אָבשטעלען זיך אין זײַנע פאָדערונגען ביז׳ן סוף. —

אויב בײַ אונז, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך איבערצײַגען, אַז קיינע פּאָליטישע רעפאָרמען, קיין פאַבריק-געזעצגעבונג, אפילו דער 8-שעה׳דיגער אַרבײַטס-טאָג, ווען ער וועט אײַנגע-פיהרט ווערען, וועלען ניט פערקלענערען די אָרימקײַט, אַרבײַטס-לאָזיגקײַט און דחקות, און די אַלע רעפאָרמען וועלען ניט ברייני-גען קיין יושר, — וועט ער זיך זאָגען: וואָס זשע וואַרטען מיר? פאַר וואָס זײַנען מיר מסופּק, פאַר וואָס נעהמען מיר זיך ניט? לאָמיר נעהמען אַלץ אין אונזערע הענד, מיר וועלען ווערען בעלי-בתים פון דער פּראָדוקציע און מיר וועלען פיהרען אַלץ אַליין, אויף אײַגענעם חשבון און ריזיקע! לאָמיר אַלץ איבערמאַכען אויף-דאָס-נײַ און מיר וועלען אײַנפיהרען סוף כל סוף אַזאַ אָרדנונג, וועגען וועלכער עס רעדען די סאָציאַליסטען, אַז זי איז מעגליך, נאָר ניט איצט, ווײַל מיר — אַרבײַטער — זײַנען נאָך ניט דערוואַקסען צו איהם, און מיר וועלען טהון זעהען אין אמת׳ן, צי מיר זײַנען שוין גענוג דערוואַקסען, צי ניט, צי מיר זײַנען בכח אײַנפיהרען איהם צי ניט. אויב עס וועט זיך אונז ניט אײַנגעבען אײַנפיהרען אַלץ אויף-דאָס-נײַ און מיר וועלען מוזען

צוריק שטעלען די קאפּיטאליסטישע ארדנונג, וועלען מיר לכל הפּחות וויסען, אז מיר האבען אלץ געטהון, וואס מיר האבען נאר געקענט סאי פאר אונז און סאי פאר אונזערע קינדער, פאר די קומענדיגע דורות, און סאי פאר דעם מענשענהייטס גליק... מיר וועלען וויסען, אז מיר האבען ניט אבגעשטויסען דאס, וואס האט זיך געבעטען אין האנד, און מיר האבען ניט פערשלאפען אזא צופאל, וועלכער טרעפט זיך אין הונדערט יאהר א מאהל, און מיר האבען זיך ניט אבגעשטעלט, צוליעב אייגענע ניט-בריה-שאפט, אויפ'ן גרענעץ פון גליק, ווען קיין אויסערליכער כח האט אונז ניט געשטערט.

ווען דער רעוואלוציאנער פּראצעס וועט זיך וואס ווייטער אלץ מעהר ענטוויקלען, וועט געוויס קומען די מינוט, ווען אזא געדאנק וועט אריינפאלען אין די מחות, און ווי נאר ער וועט זיך בעוויזען, דאן וועט ער שנעל, ווי א בליץ, דורכפליהען גאנץ רוסלאנד. פאר די פארטייען מיט זייערע פיהרער וועט נאר בלייבען: פערלאזענדיג זיך אויף זייערע קענשאפט, העלפען דעם פּראלעטאריאט צו ארגאניזירען די נייע געזעלשאפט. דער פּריוואט-אייגענטום אויף ערד און פּראדוקציאנס-צייג וועט מוזען פערמיידעט ווערען, אלע פאבריקען, זאוואדען, געזעלשאפטליכע גע-ביידען וועלען מוזען איבערגעהן צום פאלק, אלע ארבייטער וועלען ארגאניזירט הערען אין אנ'אומגעהייער גרויסען פערבאנד פון פּראדוקטיווע פעראיינען, ס'וועט מוזען בעשאפען ווערען א נייע ארדנונג, צו בייטען צווישען זיך די אויסגעארבייטע סחורות, א נייע ארגא-ניזאציע פון פּראדוקציע... די אלע נייגעשעהנישען, וועלכע וועלען פערווירקליכט ווערען איינס נאכ'ן אנדערען און וועלכע זיינען שוין אין אלגעמיינע שטריכען אויסגעארבייט דורך דער איצטיגער ליטעראטור, וועלען געוויס פאדערען א מורא'דיגע וויסענשאפטליכע סטאטיסטישע ארבייט און ס'וואלט גאר ניט געשאדעט, ווען מען וואלט שוין אנהויבען זיך גרייטען צו דער ארבייט און איצט שאפען א פּלאן, ווי אזוי דארף פערווירקליכט ווערען די נייע געזעלשאפט-ליכע ארגאניזאציע.

נאָר אויב די סאָציאַלע פראַגע — די פראַגע צו אָרגאַ-ניזירען אַ נייע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, איז אונפערמיידליך, ווייל, ווען די צייט וועט קומען, וועט דאָס פאָלק סאַי ווי סאַי פאָדערען מאַכען די פראַגע, — ווען ס'איז אַזוי, שטעהט דאַן פאַר אונז די פראַגע, צי קען מען האָפען אויף אַן'ערפאָלג פון אַזאַ פראַגע? צי וועט דאָס זיין אַן'התחלה פון אַ נייער צייט אין דעם לעבען פון מענשהייט, אָדער אַ נייער און אַ ביטערער יאוש?

ווער עס ערקענט און איז מודה, אַז אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט קען פערווירקליכט ווערען נאָר אויפ'ן וואָרט, אָבער אין האַרצען האַלט ער דעם סאָציאַליזם פאַר אַ פאַנטאַזיע, וועל-כע קען קיין מאָל, ניט איצט, ניט שפּעטער, ניט אויסגעפיהרט ווערען — דער וועט גלייך אויף דער אויבען געשטעלטער פראַגע געבען אַ קלאָרען ענטפער: „ניין".

נאָר פון שטאַנדפונקט, וועלכער רעכענט די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע פאַר מעגליך, אויספיהרליך און אונפערמיידליך, קען מען ניט אויפווייזען קיינע שווערע שטערונגען צו איהר אומ-געזאַמטען פעריווירקליכונג.

די וויכטיגסטע געגען-טענה איז: יעדער טיפּ פון עקאָנאָ-מישע פערהעלטניסע מוז דורכגעהן זיין גאַנצען ענטוויקלונגס-וועג ביז'ן סוף, ביז'ן עקסטען און לעצטען אויסדריק. אַזאַ עקאָנאָמישער טיפּ מוז זיך אַליין „אויסלעבען". און נאָר דאַן קען אַנשטאָט איהם קומען אַ נייער.

ניט רעדענדיג וועגען דעם ווי ווייט פאַנטאַזיש איז דער בעגריף, וועלכער ליעגט אין גרונד פון אַזאַ פאָרשטעלונג, קען מען פרעגען: צי שטימט אַזאַ בעגריף מיט דער היסטאָרישער ווירקליכקייט? לאָמיר נעהמען אַ נייע פּאָליטישע געזעלשאַפט. מיר זעהען ווי ענגלאַנד האָט זיך שוין אָרגאַניזירט אין XIII יאָהר-הונדערט, ווען די אַלטע, פעאָדאַלע אָרדנונג איז נאָך געווען גאַנץ שטאַרק. גלייך ווי די נייע געזעלשאַפט האָט זיך נאָר אָרגאַניזירט, איז איהר נייער קערען געוואָרען שטאַרקער,

לעבענס-פעהיגער אלס די אַלטע—און טריט נאָך טריט מאַכט זי איהר חרוב, שלינגט איין און אַסימילירט איהרע טיילען, וועלכע צופאַלען זיך ביסלעכוויז.

אין פראַנקרייך, פאַרקעהרט, האָט דער אַלטער רעזשים „אויסגעלעבט זיך" אין גאַנצען שוין צו דער צייט פון ליודאָוויג דעם XV און פון דעסטוועגען האָט ער נאָך עקסיסטירט גאַנצע 100 יאָהר, ביז וואַנען ס'האָט זיך אָרגאַניזירט א נייע פאָליטישע געזעלשאַפט.

דער נייער סדר, ווי מיר האָבען געזעהען, קען זיך אָרגאַניזירען פיעל פריהער אָדער פיעל שפעטער פון דעם מאָמענט, ווען דער אַלטער רעזשים „לעבט זיך אויס אין גאַנצען".

אָהן שום ספק, די אַלטע אָרדנונג דאַרף אָנגרייטען דעם פלאַץ פאַר דער נייער. די נייע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע דאַרף זיין צוגעגרייט דורך דער עבר'דיגער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג. נאָר אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפטען, אויף וועלכער שטופע פון ענט'וויקלונג זיי זאָלען ניט שטעהן, געפינען מיר שוין אָט די נויטיגע בעדינגונג פאַר דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע. מיר געפינען דאָס אין ענגלאַנד, אַמעריקאַ, דייטשלאַנד, רוסלאַנד, און אין דעם פּרט זיינען די אַלע לענדער שוין גרייט צו דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג. זיי אַלע פערמעגען די יסודות און עלעמענטען פון דער נייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, ווייל ביי זיי געפינען מיר די 2 בעדינגונגען, וועלכע זיינען נויטיג פאַר דער פערווירקליכונג פון דער נייער געזעלשאַפט: 1) די אַרבייטער זיינען קאָנצענטרירט און פעראייניגט אויף די גרויסע פאַבריקען און זאַוואָדען, און דאָס מאַכט מעגליך און אונפערמיידליך די פּראָדוקטיווע פעראיינען. 2) יעדע איינציגע פאַבריק פון יעדער איינציגער פּראָדוקציאָן, יעדע בעזונדערע ווירטשאַפט, זיי אַלע זיינען אָבהענגיג פון די אַלגעמיינע תּנאים פון דער וועלט, און איבער דעם איז אונפערמיידליך די אָרגאַניזאַציע פון דער פּראָדוקציאָן צוליעב איין ציעל.

אין דעם מיטעלאַלטער, ווען די עקאָנאָמישע אָרדנונג איז

בעשטאַנען פון מאַסען אינדיווידועלע, אָבגעזונדערטע און פערשלאָ-סענע ווירטשאַפטען זיינען ניט געוועזען אַלע איבערגעגעבענע בע-דינגונגען. נאָר אַ בורזשואַזע אָרגאַניזאַציע (ריכטיגער אַ בורזשואַזע רעאָרגאַניזאַציע) האָט די אַלע תּנאים געקענט בעשאַפען, און זי האָט זיי טאַקי בעשאַפען; איצט געפינען זיי זיך אומעטום, „מעהרער" אָדער „ווייניגער", „ווייטער" אָדער „נעהענטער". די שטופע פון זייער ענטוויקלונג האָט גאָר ניט אַזאַ וויכטיגע בע-דייטונג. יעדענפאַלס, רעכענען מיר ניט, אַז זייער ענטוויקלונגס-שטופע קען האָבען אַזאַ בעדייטונג. די נייע געזעלשאַפט קען זיך גלייך אָרגאַניזירען, ווי נאָר ס'עקסיסטירען איהרע עלע-מענטען, און ווי באַלד זי האָט זיך נאָר אָרגאַניזירט, דאַן אַסי-מילירט זי גלייך די „שירים" פון דער אַלטער געזעלשאַפט, ווייל איהרע אָרדנונגען זיינען פיעל נייערע און פיעל בעסערע.

דער בורזשואַזער רעזשים האָט דאָך אויך ניט מיט אַמאָהל, פּלוצלונג, איבערגעביטען די נאַטורעלע ווירטשאַפט, נאָר ער איז געוואַקסען און האָט זיך אָרגאַניזירט אין איהר אַליין.

אַלזאָ, די עקאָנאָמישע תּנאים האָבען גענוג צוגעגרייט די אָרגאַניזאַציע פון אַ נייער, סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. נאָר דאָס אַליין איז נאָך ווייניג.

די אידעע פון דער נייער געזעלשאַפט, איהר אָרגאַניזאַצי-אָנס-פּלאַן דאַרף קלאָר ווערען אין איהרע אַלגעמיינע שטריכען פריהער, ווי ס'וועט ווערען מעגליך פערווירקליכען די אָרגאַ-ניזאַציע. אין אָנפאַנג פון XIX יאָהר-הונדערט האָבען שוין די עלעמענטען פון דער נייער געזעלשאַפט עקסיסטירט, נאָר איהר פּלאַן איז נאָך ניט געווען פאָלקאָם קלאָר, און דעריבער האָט יעדע פערווירקליכונגס-פּראָבע ניט געהאַט קיין ערפאָלג, וואָרום, ווען אַפילו די „אידעען זיינען ניט מעהר ווי פערמיטלער אין דעם געזעלשאַפטליכען פּראָגרעס" (קאַאוטסקי), נאָר אָט די פערמיט-לער גופא זיינען אָהן שום ספק גאַנץ נויטיג, כּדי דער געזעלשאַפט-ליכער פּראָגרעס זאָל קענען פערווירקליכט ווערען.

נאָר אָנשטאָט דעם אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזם איז שוין לאַנג

געקומען די ווּיסענשאַפטליכע קריטיק פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, די קריטיק האָט בעוויזען דעם מעכאַניזם פון עקספּלאָאַטאַציע אין דער יעצטיגער געזעלשאַפט און האָט ערקלערט, מיט וואָס פאַר אַ מעכאַניזם דאַרף מען איהם פערבייטען, כּדי אין גאַנצען פּטור צו ווערען פון עקספּלאָאַטאַציע. אויף דעם סמך פון וויסענשאַפט, קען די היינטיגע רעוואָלוציע געהן גיכער, ניט פּטר'ן אומזיסט צייט און קרעפטען אויף אונפּרודוקטיבע און אונ-נוצליכע פּראָבעס. ס'איז נאָך אַ גרויסער ספק, צי וועט די וויטער-דיגע ווּיסענשאַפטליכע ענטוויקלונג ברענגען עפּעס וואָס וועזענט-ליכעס אין דעם פּרט. אין הונדערט יאָהר אַרום—אויב אין דעם משך וועט זיך ניט טרעפען קיין סאָציאַלע רעוואָלוציע — וועלען מיר ניט מעהר וויסען וועגען דער אָרגאַניזאַציע פון דער נייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, ווי איצט. די טעכנישע פּרטים פון דעם פּלאַן, ווי די נייע געזעלשאַפט דאַרף איינגעאָרדנעט ווערען, קענען אויסגעאַרבייט ווערען נאָר אין דעם מאָמענט, ווען די רעוואָ-לוציע קומט-פאָר, און נעהמענדיג אין אכט די דעמאָלס'דיגע עקאָ-נאָמישע צושטאַנד פון לאַנד. פאַר רוסלאַנד וואָלט געווען גאַנץ נוצליך שוין אויסאַרבייטען דעם פּלאַן, ווייל, ווי עס ווייזט אויס, איז די מינוט, וועלכע וועט אַלץ בעשטימען, גאַנץ נאָהענט.—נאָר לאָמיר נאָכגעבען, אַז ביי אונז קומט ניט פאָר קיין גרויסע רעוואָלוציע, נאָר אַ גרויסע איבערגעהענדע אומ-רוהיגקייט, אַלזאָ לעגט זיך אָב די סאָציאַלע איבערקעהרעניש גאָט ווייס אויף ווען, אויב אַזוי, וועט דער אויסגעאַרבייטער פּלאַן פערלירען יעדע בעדייטונג, און אין דעם מאָמענט, ווען די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט אויפשטעהן, וועט מען דאַרפען אויסאַרבייטען נאָר אַ נייעם. דער פּלאַן פון דער נייער געזעלשאַפט און דער גאַנג פון די רעפאָרמען קען נאָר אויסגעאַרבייט ווערען אין אַלגעמיינע שטריכען. מען קען נאָר אָנווייזען די פּרינציפּען פון דער נייער אָרדנונג — און דאָס איז שוין לאַנג אויפגעטהון, אַלזאָ איז אַפילו אין דעם פּרט די סאָציאַלע רעוואָלוציע גענוג צוגעגרייט.

נאָר דאָס איז נאָך אויך ווּיכטיג: די אָביעקטיווע, עקאָנאָ-

מישע תנאים קענען זיין צוגעגרייט פאר דער נייער ארדנונג, דער פלאן פון דער נייער ארדנונג קען זיין קלאר, און פונדעסט-וועגען וועט די נייע ארדנונג ניט אנקומען, אויב עס איז ניטא דער דריטער תנאי,—דער סוביעקטיווער מאמענט, די בעזונדערע פסיכישע צושטאנד פון דער נאציע, וועלכע דריקט זיך אויס אין רעוואלוציאנערען ענטוזיאזם און איז גרייט מאכען א סוף פון דעם עבר׳דיגען עקסיסטענץ,—ווי טייער דאס זאל ניט קאסטען,—און אנהויבען א נייעם לעבען.

מיר ווייסען ניט, וועלכע סבות רופען ארויס אט דעם סוביעקטיווען מאמענט. מיר ווייסען ניט פאר וואס איז די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע געשעהן צווישען 1789 און 1794 יאהרען, אדער די גרויסע ענגלישע רעוואלוציע צווישען 1642 און 1653 יאהרען, און ניט פריהער אדער שפעטער. מיר ווייסען נאר, אז אזעלכע מאמענטען ערשיינען זעהר זעלטען, ניט אין יעדען יאהר-הונדערט.

דער דריטער תנאי איז ניט ווינציגער נויטיג ווי די ערשטע צוויי. די בורזשואזע געזעלשאפט איז געגליכען צו דער בעשעפניס פון די בבא-מעשות, אין וועלכע זיינען בעהאלטען פער׳כשופ׳טע פרינצען. כדי צו פערניכטען דעם כשוף און בע-פרייען דעם שענעם פרינץ—די סאציאליסטישע געזעלשאפט,— דארף מען זאגען א כשוף-ווארט.

רוסלאנד פערמעגט דאס ווארט, דעם רעוואלוציאנעם ענטוזיאזם, וועלכער ערגרייכט ביז צו א רעליגיעזע מדרגה.

דא געפינען מיר אלע 3 תנאים, וועלכע זיינען נויטיג צו דער פעררווירקליכונג פון א סאציאלע איבערקעהרעניש, אין דער צייט וועו אין מערב-אייראפא געפינען מיר נאר 2: דער איבער-קעהרעניש איז צוגעגרייט מיט די עקאנאמישע בעדינגונגען און אויך מיט דער טהעארעטישער מוח-ארבייט, נאר דארט געפינט זיך ניט דער אביעקטיווער, פסיכישער מאמענט, דער רעוואלוציאנער ענטוזיאזם, וועלכער איז פארהאן אין רוסלאנד. און אט פארוואס איז פון אלע איצטיגע לענדער נאר רוסלאנד גרייט צו א סאצי-

אַלע רעװאָלוציעס. נאָר זי, ניט קוקענדיג אויף דעם, װאָס עס געפינען זיך דאָרט אַזוי פיעל אַזיאַטישע מנהגים, וואָס זי איז אַזוי מורא'דיג אָבגעשטאַנען, ניט קוקענדיג אויף דאָס אַלעס, קען נאָר רוסלאַנד זײַן דער איניציאַטאָר, מאַכען די התחלה פון דער נײַער „ערא“ אין מענשליכען לעבען.

רוסלאַנד איז בכח... נאָר דאָס איז שוין דאָ, עס איז שוין פאַרהאַן. די איצטיגע בעװעגונג אין עסטרײַך, דײַטשלאַנד און ענגלאַנד איז ניט מעהר ווי אַן'אָבקלאַנג פון די רוסישע געשעהנישען! אונגלויבליך, אָבער אמת! רוסלאַנד גיט אַ סיגנאַל מערב-אייראָפּאַ, און די מערב-אייראָפּעישע לענדער גיבען זיך אונטער דעם סיגנאַל און שטעהען-צו צו דער רוסישער רעװאָלוציאָנער בעװעגונג. דער פאַקט איז פאַר אַלעמענס אויגען; דעם פאַקט קען מען צולעגען צו אַלע סימנים פון אַ גרויסער רעװאָלוציע, וועלכע זענען אויסגערעכענט אויבען. ווען די בעװעגונג פון אַן'אָבגעשטאַנענע לאַנד ווירקט אַזוי אויף אַלע פאָרטשריטענדע לענדער, איז קאָנטיג, אַז די בעװעגונג איז אין אמת'ן אַ גרויסע רעװאָלוציע.

נאָר דער פאַקט איז גאָר ניט אַזאַ וואונדערליכער, ווי מען קען טראַכטען אויפ'ן ערשטען בליק. צי איז דען פראַנקרײַך אין סוף פון XVIII יאָהר-הונדערט ניט מורא'דיג אָבגעשטאַנען, — אין פּאָליטישע און בירגערליכע אָרדנונגען, אין די מנהגים פון דער אַדמיניסטראַציע און רעגירונג, אין דער געפאַלענע ווירט־שאַפטליכע לאַגע, — אין דעם אַלעם איז פראַנקרײַך געװען אָבגע־שטאַנען פון אַלע איבריגע אייראָפּעישע לענדער. ניט רעדענדיג שוין וועגען ענגלאַנד, אַפילו די פרײַסישע פּאָליציי-מלוכה איז גע־שטאַנען דאַן פיעל העכער אין די אַלע פּרטים פאַר פראַנקרײַך. פונדעסטוועגען איז פראַנקרײַך געװאָרען דער איניציאַטאָר פון דער פּאָליטישער בעװעגונג פאַר גאַנץ אייראָפּאַ, און פרײַסען איז נאָך ביז איצט ניט בעפרײַט פון אַבסאָליוטיזם און פעאָדאַלע אָבגעלעבטע מנהגים.

איך רעכען נאָך פאַר נויטיג זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען

דעם דריטען, פסיכישען מאמענט: וועגען דער רעוואלוציאנער צושטאנד פון פאלק. איצט און אין הונדערט יאהר ארום, ווען מען וויל און אויף וועלכער מען וויל ענטוויקלונגס-צושטאנד פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט—וועט דער פסיכישער מאמענט זיין זא ווי זא נויטיג פאר'ן איבערגאנג צו דעם נייען ארדנונג.

לאמיר זיך פארשטעלען די פאנטאזישע בילד פון דער ענטוויקעלסטער, ביז דער לעצטער שטופע, קאפיטאליסטישער ארדנונג, וועלכע איינינגע סאציאליסטען שטעלען-פאר ווי א נויטיגסטע הקדמה צום „צוזאמענברוך". די גאנצע נאציע בעשטעהט פון פראלעטאריער, וועלכע זענען צונויפגעזאמעלט אין גרויסע אינדוסטריעלע, האנדעל- און האנדעלס-ווירטשאפטליכע געשעפטען, וועלכע זענען אלע פעראייניגט אין איין קאלאסאלען סינדיקאט, וועלכער געפינט זיך אין די הענד פון איין קאפיטאליסט, עפיס א מין „איבער-ראקפאלער". דעם „איבער-ראקפאלער" נעהמט מען פאר'ן לאץ, מען בעהאלט איהם אין קוטאש, מען ווערט אליין בעלי-בתים פון געשעפט — און א סוף: די נייע געזעלשאפט איז פארטיג אהן שום ערשיטערונגען, אהן שום אונרוהען.

נאר אזוי צו טראכטען הייסט דאך זיין פאלקאם נאאיוו. אפילו ביי אזא געזעלשאפטס-צושטאנד, ווי עס שילדערט אונז די פאנטאזיע, קען מען ניט פערווירקליכען די נייע געזעלשאפט אהן א מורא'דיגער ערשיטערונג. צונעהמען „אנ'איבער-ראקפאלער" און מודיע זיין, אז אלע אינדוסטריע-געשעפטען ווערען פראדוקציאן-פעראיינען איז ניט שווער, נאר דאס איז דאך ניט מעהר ווי דער ערשטער טריט, דער ערשטער ארויסטרעט-פונקט, נאך וועלכען דארפען זיך אינמיטעלבאר אנהויבען: א נייע ארגאניזאציע פון בייט, דאס הייסט אויס האנדעל, די סחורה ווערט גלייך א געברויך-פראדוקט; געלד, אין איצטיגען זין, וועלכע וואקסען און ברענגען פראצענט, געהט איבער אין פשוטע בייט-סימנים; ווייטער דארף בעשאפען ווערען א נייע בעטריעב-ארגאניזאציע, וועלכע דארף זיך צילען ערפילען די בעדערפניסע פון דער בעפעלקערונג, און ניט לשם פרנסה. און דאס אלץ איז פערבונדען

מיט'ן פערניכטונג פון גאנצע פראדוקציאנס און ווירטשאפטליכע טהעטיגקייטען, וועלכע דארפען פערבייטען ווערען אויף נייע, און נאכדעם, דארף געשאפט ווערען א נייע ארגאניזאציע פון געברויך. דער עצם פון דער נייער געזעלשאפט בעשטעהט דאך אין דער פערניכטונג פון סחורה-ווירטשאפט און דאס שטעלט אוועק דעם גאנץ פראדוקציאן און בייט גאר אנ'אנדער ציעל, ווי איצט.

און צו די אלע איבערקעהרעגנישען מוזען צוגעפאסט ווערען די מלוכה- און לעבענס-פארמען.

אזא טראנספארמאציע, אזא פערבייטונג איז אונפערמיידליך געבונדען מיט א צייטווייליגען מיש-מאש, מיט א צורודערונג פון אלע ווירטשאפטליכע פערהעלטניסע, און וואס מעהר ענט-וויקעלט וועט זיין די קאפיטאליסטישע ארדנונג, דעסטא שטארקער וועט זיין דער מיש-מאש. נאר דער „רעליגיעזער" ענטוזיאזם פון א גרויסער רעוואלוציע איז בכח אליץ איבערצוטראגען און פון קיין זאך ניט אבטרעטען, אפילו פאר צרות, דחקות און ארימקייט, וועלכע זענען פערבונדען מיט אזא צורודערונג.

דער ענטוזיאזם איז נויטיג אויך צוליעב דעם, וואס די בורזשואזע ארדנונג האט ערצויגען אין גאנץ פאלק בורזשואזע געפיהלען און שטרעבונגען, וועלכע זענען געגען דער נייער ארד-נונג. גאנץ אפט ווערט גערעדט, אז ס'איז נויטיג ערציהען די ארבייטער צו דער נייער ארדנונג. נאר דוקא די בורזשואזע געזעל-שאפט גיט ניט די ערציהונג. דא העלפט שוין ניט אזא מין אר-גאניזאציע ווי פראפעסיאנעלע פעראיינען, פערשידענע קאאפע-ראטיווע געזעלשאפטען א. ד. ג. די אלע, ארבייטענדיג אין קאפי-טאליסטישער ארדנונג, זענען געצוואונגען צו ארבייטען אין קאפי-טאליסטישען גייסט, און שטעלען זיך אויך דעם ציעל „ניט בייטען דעם קערבעל".

די פאנטאזיע וועגען אזא „ניטגעבייטענעם קערבעל" קריכט אריין טיעף אין נשמה פון פראלעטאריער, און טאקי אזעלכע חלומות און פאנטאזיעם דארפען ניט זיין אין דער נייער געזעלשאפט [1].

---

[1]) איך ריהר דא ניט אן די פראגע וועגען דער פעראייניגונג פון פרא-

מיר ווייסען און מיר זעהן איצט אין רוסלאַנד, וואָס פאַר אַ גיפטיגער סם איז פאַר'ן מענשען די אייגענטהום! מיר זעהען, ווי „בעסטע", און „גרעסטע ליבעראַלען" הויבען אָן מיט בלוטיגען כעס פאָדערן נאַגייקעס און קוילען-וואַרפער ווי נאָר די הונגעריגע פויערים רירען אָן זייער „הייליגע אייגענטהום-רעכט"... און אַזוי ווי אַלע איצטיגע קאָאָפעראַציעס, פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען א. ד. ג. שטרעבען סוף כל סוף צום תכלית, צו „פער־איבעריגען" צו „פערקאַרגען", דעריבער קען מען גאַנץ היבש מסופק זיין אין דער פסיכישער ערציהונג, וועלכע די אַלע אָרגאַניזאַציעס גיבען דעם אַרבייטער.

און דאָ קומט צו הילף דער רעוואָלוציאָנער ענטוזיאַזם. ער בעפרייט דעם מענשען פון דער ווירקונג פון איצטיגער אָרדנונג, ער רייניגט איהם אָב און העלפט איהם אַראָבצוּוואַרפען פון זיך דעם אַלטען מענשען און פערווירקליכען די נייע אָרדנונג.

און ווי נאָר די אָרדנונג ווערט פערווירקליכט, הויבט זי שוין גלייך אָן ערציהען ביי די מענשען נייע געפיהלען און שטרעבונגען און רעפאָרמירט זייער וועלטאַנשאַאונג.

אלזאָ, געפין איך קיינע אונפערמיידליכע שטערונגען צו פערווירקליכען אַ נייע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט און איך רעכען, אַז איצט איז מען שוין אין דאָס ערשטע-בעסטע אייראָפּעישע לאַנד צוגעגרייט סיי גייסטליך און סיי מאַטעריעליש צו איהר: די עקאָנאָמישע פערהעלטניסע זענען שוין ענטוויקעלט, די ווּיסענשאַפטליכע אידעען זענען שוין אויסגעאַרבייט, עס פעהלט נאָר דער רעוואָלוציאָנער ענטוזיאַזם אָדער די „משוגעת", ווי עס דריקען

---

לעטאריאט פון אַלע לענדער אין איין אָרגאַניזאציע, ווייל ווען די סאָציאלע רעוואלוציע וועט זיין אנ'אלוועלטליכע, וועט אזא ארגאַניזאציע ממילא בעשאפען ווערען אין דעם משך פון דעם רעוואָלוציאָנעם פראָצעס. נאָר איך ווייס ניט גענוג שטארקע ראיות, וועלכע וואָלטען בעוויזען די אונמעגליכקייט, די אונפערווירקליכקייט פון א סאָציאליסטיש׳ אָרגאניזאציע אין איין איינצעלנע לאַנד, ווען אפילו די איבריגע לענדער וואלטען ניט נאכגעטהון נאך איהר.

זיך אוים סטרובעַ און זײַן גלײַכעַ, די משוגעת פון גרויסעַ רעַ־וואָלוציעס, נאָר אין רוסלאַנד אָבער איז זי אויך דאָ.

און טאַקי דערפאַר, וואָס אין רוסלאַנד געפינט זיך די רעוואָלוציאָנעַ משוגעת, וועט רוסלאַנד ניט אויסמײַדען די פראָבעַ, ווען אַפילו מיר וועלען זי רעכענען פאַר צופריהערדיגעַ און ווען אַפילו מיר וועלען ניט פערלאַנגען.

און אויב אין די עבר'דיגע איבערקעהרעניש׳ען, ווען די סאָציאַליסטישעַ אידעעַ האָט עקסיסטירט נאָר אַלס אַ חלום בײַ אײניגעַ פאַנטאַזיאָרען, זענען פונדעסטוועגען געמאַכט געוואָרען פראָבעס פערווירקליכען די חלומות אין רעאַלען לעבען. איז דען מעגליך צו רעכענען, אַז אַזוינעַ פראָבעס זאָלען ניט געמאַכט ווערען איצט, ווען די אידעעַ שוועבט ממש אַרום אין לופט, ווען צו דער אידעעַ איז געקומען די וויסענשאַפט, ווען סײַ די אָנהענגער און סײַ די געגנער פון סאָציאַליזם. סטאַרען זיך אַזוי פיעל צו פּאָפולאַריזירען און פערשפרייטען זי.

אַ גרויסעַ רעוואָלוציע פון אונזער צײַט, וועלכעַ זאָל זיך ניט פּרובען פערווירקליכען די אויפגאַבעַ פון אונזער צײַט—איז אַזאַ אַבסורד, וועלכען דער מענשענס שכל קען זיך גאָר ניט פאָר־שטעלען. אַלזאָ, מ'דאַרף שוין אויסאַרבײַטען דעם פּלאַן פון דער מעכנישער פערווירקליכונג פון דער נײַער געזעלשאַפט אין אַלעַ פרטים, נעהמענדיג אין אַכט אונזער עקאָנאָמישעַ צושטאַנד.

איך שרײַב די שורות אין דער צײַט, ווען די רעוואָלוציאָנעַ כוואַליעַ איז ערנידערט געוואָרען, ווען פיעל דענקען שוין אַז די רוסישעַ רעוואָלוציעַ איז דערשטיקט, אַז ס'איז גאָר קײַן רעוואָלוציעַ ניט געווען, נאָר אַ פלאַקער, אַ פײַער-ווערקשפּיעל, וועלכעַ האָט אומזיסט דערשראָקען די רעגירונג און אויף וועלכעַ די עקסטעַ פאַרטײַען האָבען צופיעל האָפנונג אַרויפגעלעגט.

קײַן רעוואָלוציעַ איז ניטאָ, אַזוי מײנט מען, און מען קען ווי פריהער, און נאָך מעהר ווי פריהער, שטיקען דאָס רוסישעַ פאָלק, שמײַסען איהם מיט קאָזאַצקעַ נאַגײַקעס, טרעטען מיט

פּאָליציִיאישע שטיוועל , שלאָגען , שפּײַען , רייצען און מאַכען איהם מיט בלאָטע צוגלײַך !

זעלבסטפערשטענדליך , אַז איך געה ניט אַרויס פון אַזאַ שטאַנדפּינקט. די רעװאָלוציע איז איצט שטאַרקער, ווי אַלע מאָהל , און אַלץ העלפט , כדי זי זאָל פערשטאַרקט ווערען : די רציחות , ווי בײַ די וואלד-חיות , וועלכע די רעגירונג ערלויבט זיך ; די פאַלשקייט פון די ליבעראַלע שדכנ׳טעם , וועלכע יאָמערען איצט אויף די רעװאָלוציאָן-„משוגעת"... דאָס אַלץ פערשטאַרקט דעם רעװאָלוציאָנעם פּראָצעס און העלפט איהם בעשטימען זיך אַלס אַ פאָלקס-אױפשטאַנד , וועלכער שטרעבט איינפיהרען אַ נײַע אָרדנונג פון אמת, יושר און אַלגעמיינעם גליק .

בײַ מיר איז גאָר קיין ספק ניט , אַז רוסלאַנד לעבט-איבער ניט קיין רעװאָלוציאָנע אױפפלאַקערונג , נאָר אַ גרויסע רעװאָלוציע, און דער רעזולטאַט פון אַ גרויסער רעװאָלוציע, ווי איך האָב זיך געסטאַרעט אויפצוױיזען אין דעם אַרטיקעל , דאַרף זײַן אַ פּראָבע צו גרינדען אַ נײַע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט .



## פערלאַג „דער אַוואַנגאַרד“.

עס זײַנען אַרויס פון דרוק:

1) מ. אלעקסאנדראוויטש. דאָס ציִעל פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן. פרײַז 6 קאָפּ׳.

2) מ. באקונין. די אָרגאַניזאַציאָן פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. פרײַז 3 קאָפּ׳.

3) „ די פּאָליטיק פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. פרײַז 5 קאָפּ׳.

4) * * * 1) אַן׳אמת וועגען די יוריסטען, 2) הונגער. אוניווערסענהײַט און מורא. פרײַז 3 קאָפּ׳.

עס דרוקען זיך:

1) פּ. קראפּאטקין. אונזערע עשירות.

2) „ אַלעם פיר אַלעמען.

3) ס. י. סזעטלאוו. די אויפגאַבען פון נאָהענטען צוקונפט.

4) ש. אנ—סקי. פּ. לאַווראָוו אַלס סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער.

5) א דאכלאזער פּראלעטאריער. באַבעף און די פערשווערונג פון די גלײַכע.

„ЭЗРО“,
Спб., Казанская 35.

Тип. Л. Бурье и Ко., Гороховая, 48.